טרייסט מיין פאלק עס דאַרף די טרייסט



# זאמאשטש

## חורבן-לידער

●

אנגעשריבן און צוזאמנגעשטעלט פון י. קויל

●

ארויסגעגעבן מיטן אויסבאַרגן א סומע געלט דורך דעם

זאמאשטשער פראג. ברענטש 375

ברוקלין ניו-יארק 1974

דער שטאָט־רט איז היינט אויך מיט ראטמענער פיל.
ס'זיצן ראטמענער וועלכע הייבן די הענט, און ווייטער . . . שא שטיל
ס'ליגט מיך נאָך אין זכרון, דער קאמף און געראנגל
פון לובלינער, מארער, בראנדוויין, הערמאן און שטערנפינקעל.

כ'דענק נאָך די ווערטער פון שטאָט־ראט גאנעק —
בשעת די געמיינזאמע דעמאנסטראציע פון רעכטע און לינקע.
אסאך זיינען פארגאזעוועט געוואָרן צוזאמן אין מיידאנעק,
און א טייל אומגעקומען אין איזביצע און טרעמבלינקע.

היינט דריקט אויף מיין הארצן, אנדערע נעמען־שטעט.
דאָרט ווו עס זיינען אומגעקומען די בעסטע, די נאָענסטע
נאצי־לאגערן, קראמאטאריעס, מאסן־קברים שטעט
מאידאנעק, אוישוויץ, סאבובאר, בערגן־בעלזן און איזביצע.

• • •

ניט נאָר דאָס לאנד פון טאָטאלער פארניכטונג,
דריקט אויף מיין נשמה — און פרעסט מיין געמיט.
אויך אין די סיבירער טייגעס — אין סודות איינגעהילט,
ניט ווייניג פון מיינע נאָענסטע, דערשאָסן געוואָרן אזוי יונג.

פאר פארברעכנס קיינמאָל ניט באגאנגענע,
אויסגעטראכטע פון דער ענקאווידע פראָוואָצירטע.
פאראורטיילט פון א „טראָיקע”, אין לעבן ניט געזענע,
צום טויט, און צו שקלאפן־לאגערן ספעציעל געשאפענע.

אלס „קאסמאפאליטן” „שפיאָנען”, „שעדיקער און דיווערסאנטן” —
די אויסגעמאָרדעוועטע, ביז היינט ניט רעהאביליטירט.
ווידער פרישע קרבנות פון ”ציוניזם פארפירט”,
„עקאָנאָמישע פארברעכער” און „ישראל אימיגראנטן”.

• • •




אֲלכסנדר צעדערבוים

**אלעקסאנדער צעדערבוים** געבוירן דעם 7טן סעפטעמבער 1816 אין זאמאשטש, לובלינער געגנט, פוילן.

געשט. דעם 7טן סעפטעמבער אין 1893 אין פעטערבורג.

ארויסגעבער און רעדאקטער פון דער ערשטער העברעאישער צייטונג אין רולאנד „המליץ" (אָדעס-פעטערבורג 1862 ביז זיין טויט 1893). שפעטער מיט א וועכנטלעכער ביילאגע אין יידיש „קול מבשר" (אָדעס דעם 11טן אקטאָבער 1862-15טן נאָוועמבער 1972).

א וויכטיק קאפיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישע פרעסע און ליטעראטור. (אין „קול מבשר" האָבן זיך אָנגעהויבן דריקן מענדעלע, י. י. לינעצקר, אברהם גאלדפאדן א.א.). אין 1851 האָט צעדערבוים ארויסגעגעבן דאָס „יידישע פאָלקסבלאט" פעטערבורג, ביז יאָר 1890.

# מײַן שטעטעלע זאַמאָשטש

זאַמאָשטש, אַ אָרעם שטעטעלע, אַ קלײנס,
מיט גאונים דערפֿאַר װעלטלעך גרױס.
ליטעראַטען, פּאָליטיקער, געשפּילט אַ ראָלע אין דער װעלט,
רײַך קאָלאָסאַל, אָבער ניט אין געלט.

כ׳געדענק נאָך די אַמאָליקע צײַט —
װען מיט אַ נאַכט־לאָמפּ אַ פּשוטן געברענט.
אָפּטמאָל ניט דערעסן צו דער זעט,
פֿאַר דער װעלט אָבער, פֿאַקעלן געברענגט.

אַ שטעטעלע אַ קלײנס, מיט אַ גרױסן פֿאַרנעם,
פֿאַרמאָסטן זיך אַפֿילו מיט די גרױסע שטעט.
דעריאָגן און איבעריאָגן געװען איז דער ציל,
ניט געדאַרפֿט זיך אָנשטרענגען אַפֿילו צו פֿיל.

ס׳האָט געלויכטן און געשײַנט װי דאָס ליכט פֿון אַ בליץ,
צעדערבױם דער רעדאַקטאָר פֿון „קול מבשר" און „המליץ".
ד"ר ש. עטינגער מיט „סערקעלע" אין זײַנער צײַט,
י. ל. פּרץ, מיט „אױב ניט העכער" און „די גאָלדענע קײט".

די השכּלה באַװעגונג, דער ייִדישער רענעסאַנס,
מיט ר׳ ישׂראל זאַמאָשטשער אין דער שפּיץ.
און דער אַרבעטער װעלט אין איר שענסטן גלאַנץ —
האָט ראָזאַ לוקסעמבורג אױפֿגעשײַנט װי אַ בליץ.

ניט נאָר אין רוחניות, נאָר אױך אין טאַט.
אין די בלוטיקע כמעלניצקי־יאָרן אין שנת ת"ח ות"ט.
ניט געקוקט, װאָס באַלאַגער געװען און געברענט,
אױסגעקױפֿט געפֿאַנגענע ייִדן פֿון גױאישע הענט.

פֿאַרטײַען, ביבליאָטעקן, פּראָפֿ. פֿאַראײנען אַסאַך,
האָבן ניט װײניק שטאָלץ און כּבֿוד געבראַכט.
בן ציון לובלינער אין דער נאַציע־תּקופֿה געגאַנגען אױף קידוש השם,
אַפֿילו דאַמאָלס, האָט זאַמאָשטש באַװיזן װאָס זי קען.

װי נעמט מען די צײַטן און מענטשן פֿון אַמאָל.
די נײַ־שטאָדט, דעם בראָװער און משה־קאָװאַלס טאָל.
געשװיבלט מיט יוגנט מיט לעבן און לוסט,
דאָס הײַנטיקע זאַמאָשטש, איז טרױעריק און פּוסט.

װאָס אינטערעסירן מיך די פּאַטשעגעס מיט איר שײנעם אַרכיטעקטור —
אַז, אַפֿילו פֿון די זאַמאָשטשער בית־עלמינס איז ניט געבליבן קײן שפּור.
דאָס ראַט־הױז, דער שטאָלץ פֿון ביזאַנטישן סטיל —
אַז נישטאָ זײַנען די ייִדן, װאָס קולטור־אוצרות געשאַפֿן האָבן אין
דער שטיל.

**ד"ר שלמה עטינגער**, איינער פון די אנהייבער פון דער נייער יידישער ליטעראטור. געבוירן (1800-1801) אין ווארשע. געשטאָ. דעם 31טן דעצעמבער 1856 אין זשדאנאָוו, דאָרף ביי זאמאשטש, פוילן.

געשריבן לידער: עפיגראַמען, משלים און דראמעס. ערשט פינף יאָר נאָך זיין טויט אין 1861 אין יאהאניסבורג, פרייסן, דערשינען זיין קאָמעדיא אין פינף אקטן פון סערקעלע, אָדער די פאלשע יאָר־צייט געשעהן אין לעמבערג שנת תקצ"ה. שפעטער, משלים, לידלעך, קליינע מעשהלעך און כתותלער (קאטאוועסלעך) אייגענע און נאָכגעמאכטע (פעטערבורג 1889).

אין 1925 זענען דערשינען אין ווילנע אלע ווערק פון ד"ר שלמה עטינגער מיט א ביאָגראפישן און ביבליאָגראפישן אריינפיר פון ד"ר מאקס ווײַנריך. „סערקעלע" איז צום ערשטן מאָל אויסגעפירט געוואָרן אין 1862 אין דער זשיטאָמירער ראבינער־שול מיט אברהם גאלדפאדן אין דער ראָלע פון סערקעלע.



## ביי מיין געבורטס־טאָג

איך זיץ און קלער מיר אזוי דאָ,
אפשר מער ווי א האלבע שעה,
פארוואָס האָבן דאָס מיינע האָר,
זייער גרוים שווארצקייט נישט פארלאָרן:

עס איז דאָך שוין דריי און פערציק יאָר
זייט איך בין אויף דער וועלט געבאָרן? —
נאָר איך האָב א תירוץ גאָר א קליינעם:
זיי ווערן פארשווארצט מיט מיר אין איינעם.

**שלמה עטינגער**

צו די געוועזענע פוילישע „פריינט" מיינע, איז גרויס מיין פארדרוס,

ס'מאטערט מיך די פראגע. פארוואָס און פארוואָס?

קאָמוניסטן, ליבעראלן, פ.פ.ס. רעכטע און לינקע

ווו זייט איר געווען, ווען אייערע יידיש כאווירים האָט מען געברענט אין טרעמבלינקע?

פארוואָס האָט איר געשוויגן, ווען איר האָט דאָס אלעס געזען און געהערט?

פארוואָס זענען זעקס מיליאָן יידן אומגעקומען דווקא אויף דער פוילישער ערד?

פארוואָס האָט איר ניט רעאגירט אויפן בונד פון „וולאסאווצעס" און אקאָאווצעס?

פארוואָס האָבן אזא גרויסע צאָל פאָליאקן מיטגעארבעט מיט די געסטאפאָווצעס?

די צאָל פארוואָסן קען מען ציען אָן א צאָל און אָן א ענדע —

ווו זייט איר געווען, ווען די פאשיסטישע האָרדעס האָבן אָנגעפירט די גרענדע?

צוזאמען געווינט, געארבעט, קאָנפערירט, געקעמפט פאר א בעסערע וועלט.

א פיפס האָט איר אפילו ניט געטון, ווען מען האָט אונדז פארגאזאוועט, פארברענט.

ווען מיר זענען ארויס פון די לאגערן, בונקערס, וועלדער, בוידעמער און לעכער,

געהאָפט צו געפונען די טאטעס, מאמעס, ברידער און שוועסטער —

האָט איר אונדז אויפגענומען מיט האס, חוזק, שפאָט און געלעכטער,

„קוקט ווי די זשידעס קריכן ארויס ווי מייז פון די לעכער".



## י. ל. פרץ

**יצחק לייבוש פרץ**, געבוירן דעם 18טן מאי 1852 אין זאמאשטש, לובלינער געגנט, געשט. דעם 3טן אפריל, 1915 אין ווארשע פון א הארץ-אטאקע ביים שרייב-טיש שרייבנדיק די שורה, „שטילער, שטילער, דאנקען וויל ער".

פרץ ווערט פארעכנט פארן פאָטער פון דער יידישער ליטעראטור, אָנגעהויבן שרייבן אין העברעאישאון יידיש.

דעביוטירט מיט „מאניש" און שלום עליכם'ס „יידישע" פאָלקס ביבליאָטעק אין 1888. קרוב 25 יאָר האָט פרץ געארבעט אלס „רעכנ-מייסטער" אין דער ווארשאווער גמינע (קהילה).

וויכטיקסטע ווערק: „פאָלקסטימליכע גשיכטן", „חסידות", „דראמען", „לידער און באלאדן", „פאר קליין און גרויס", „אלט און ניי", „בילדער און סקיצן", „אדם און חוה", די פאָפולערסטע פיעסע „די גאָלדענע קייט".

אפילו איר וואָס האָט געשווירן ביי דער פאָן וואָס איז רויט.
מיט צופרידנהייט געקוקט, ווי מ׳האָט אונדז געברענט און געטויט.
די רעשטלעך, דורך א נס געראטעוועטע, פון דער ברוינענער נעץ,
אנטקעגן געטראָגן א כּאוועריִשע מתנה — קיעוו, קראקע און קיעלץ.



די וועלט האָט אלעס געוווּסט, געזען און געהערט.
געמאכט זיך בלינד און טויב, גארניט רעאגירט.
וועלט!!!
ציוויליזירטע וועלט פון צוואנציקסטן יאָר־הונדערט
וועלט געוויסן!
ווו ביסטו געווען וועלט, ווען מ׳האָט פון אונדז א דריטל אָפּגעריסן???!!



אנטוישט, פאראיינזאמט, פאר׳יתום׳ט בין איך געבליבן שטיין,
שווער געווען צו געפונען א טרייסט, פאר מיין ווייטיק, פאר מיין פיין...
דאָך איז שטענדיק מיר נאָך עד־היום ליב און טייער —
דאָרט ווי כ׳בין געבוירן, מיין ערשטן טריט געשטעלט.
אייביק וועט טליען אין מיין הארצן דער פונק, דער פלאם־פייער
א זכר לדורות, און א שאנדע פאר דער גויאישער וועלט.

י. קויל



**ראָזע לוקסעמבורג** געבוירן דעם 15טן מערץ 1871 אין זאמאשטש, פוילן אין א רייכע אסימילירשע משפחה — בורג.

דערמאָרדעט דורך די יונקערס צוזאמען מיט קארל ליבקנעכט דעם 15טן יאנואר, 1919. פירנדיקע טוערן פון דער פוילישער, דייטשישער און אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג.

„אדלער פון דער רעוואָלוציע" — ווי עס האָט זי אָנגערופן לענין.

דער מאן איר׳ער איז געווען דער באוווּסטער רעוואָליוציאָנער לעאן טישקא־יאָניכערס (1867־1919) איז ערמאָרדעט געוואָרן אין א דייטשישער תפיסה.

די מחבר׳ן פון פלאמיקע אויפרופן, ארטיקלען און א גאנצע ריי טעאָרעטישע־פארשערישע ארבעטן אין פארשידענע ביכער.

צוזאמען מיט קארל ליבקנעכטן ארויסגעטרעטן געגן דער מלחמה־פּאָליטיק פון דייטשישן אימפעריאליזם. פירער פון די „ספּארטקוס־בונד".

//

# מאנומענט (מצבה)

## די שורות געווידמעט

## מיין שוועסטער הינדע מיט איר מאן יחזקאל

## מיט זייערע פיר קינדער

## אומגעקומען דורך די נאצי מערדערס

געווען אין אמאָליקן זאמאשטש יידישע געסאלעך,
געווען איבעראל א יידישע שטוב.
געווען טייערע הארציקע קינדערלאך,
וועלכע כ׳האב געהאט ליב.

פאראן אין היינטיקן זאמאשטש, די זעלבע געסאלעך,
פארהאן אפילו די זעלבע שטוב.
ניט פארהאנען זענען די מענטשן און קינדערלאך,
וועלכע כ׳האָב אזוי שטארק געהאט ליב.

וו זייט איר טייערע? וו געפינט זיך אייער געביין?
וו געפינט זיך אייער קבר? דאָס הארץ צוגייט פון פיין.
אומזיסט מיין זוכן, אומזוסט מיין מיה.
קיין צייכן אפילו ניט געפונען, כ׳האָב ניט קיין רוה.

די היטלעריסטישע בעסטיע, האָט אויך פארגעזעוועט,
פארברענט.
דאָס הייליגע אש, האָט צעטראָגן דער ווינט,
די טויטע נישט געשוינט, זייערע מצבות און קברים געשענדט.
פארגאזעוועט די מאמען, צוזאמען מיטן זויג-קינד.

פרויען, מענער און קינדער, מיטער נאקעט, טויט-בלאס,
צוזאמענגעפרעסט אין די גאז-קאמערן, ווי הערינג אין א פאס
די קינדער שלוכצנדיק, מאמע! כ׳שטיק זיך! א טרונק מא . . .
אויסגעגאנגען צוזאמן, מיטן לעצטןווארט שמע . . .

פיניאלעך, שלומה׳לעך, דבורה׳לאך, לייבעלאך,
טייערע הארציקע קינדערלאך, וו זענט איר אצינד?
א מיליאָן נאָמנלאָזע זיסע קינדערלאָך,
פארגאזעוועטע, פארברענטע, צעטראגן האָט די ווינט.

כ׳הער נאָך היינט דעם געיאָמער, דאָס געוויין —
דאָס געוויין פון קינדער, מאמא איך וויל ניט בלייבן אליין! —
ארויסגעוואָרפן ווערנדיק פון וואגאָן ווי א ביסל מיסט —
אנטלויף מיין קינד! ראטעווע זיך! געדענק אז א ייד דו ביסט.

זעלטן, וועלכעס עס איז געלונגן צו דערטלויפן צום פעלד
אָדער וואלד.
מערסטנס, צעלעכערט געוואָרן פון א מערדערישע האנט.
און וועמען עס איז געלונגען דערשלאָגן זיך ערגעץ, על פי
נס מן הסתם —
איז אָפגעריסן געוואָרן, ניט נאָר פון דער מאמען, נאר אויך
פונעם שטאם.

עס גליווערט דאָס בלוט, פון דעם טייוואלישן טאַט
פון די היטלערס-קאנאליעס און הימלערס אפאראט
ס׳וועט ניט העלפן די שלומים, דאָס ווידער מאכן גוט,
נישטאָ קיין פרייז פאר דער פארגאָסענעם בלוט!!!

אויך אייך, סאָוועטישע מארטירער, בין איך שולדיג א חוב.
דערשאָסענע פון דער ענקאווודע, אויף א ברודיקן הויף.
פארמוטשעטע אין די לובליאנקעס, ביי די מעת-לעת׳דיקע
דאפראסן.
די סטאליניסטישע לאגערן-תקופה, וועל איך ניט פארגעסן.

לעבט נאָך ווער פון אייך? אָדער שוין לאנג טויט?
אויסגעגאנגען לאנגזאם, לעכצנדיק נאָך א שווארץ שטיקל ברויט.
אנטפלעקט מיר דעם סוד, ווו אייער קערפער ליגט.
אויך דאָ איז פארגאָסן געוואָרן, ניט ווייניק אומשולדיק יידיש
בלוט.

דאָס בלוט פון די קדושים גיט מער ניט קיין רו.
פון די געטאָ-העלדן, פארטיזאנער, קינדערישע לעבנס —
וועלכע זענען פארשניטן געוואָרן אזוי פרי.
דאָס פארגאָסענע בלוט רופט ניט פארגעסן —
דאָס איז אייער חוב!

די זאמאשטשער שארית הפליטה ענטפערן דארויף.
זאמאשטשער יידן, דערשטיקטע, פארמוטשעטע אין
פארשידענע לאגערן.
געטאָ-העלדן, פארטיזאנער קעמפנדיק מיט געווער אין די הענט.

קינדערישע גופימלעך, צעטראָטענע, דערדריקטע פון
מערדערישע הענט —
פאר אייך!
פאר אייך אלעמען!

האָבן מיר געשטעלט א מצבה
א ווירדיגן מאָנומענט.

**י. קויל**
**ברוקלין דעצ 1963**




דער אידישער דיינקמאָל אין בעלזען

(ער שטייט אויף אַ מאַסן־קבר פון 7,000 אידן, וועלכע זיינען געשטאָרבן אין בעלזען נאָך דער באַפרייאונג — מען האָט זיי שוין ניט געקענט ראַטעווען).

## די הייליקע יאָר־צייט ליכט

זעקס יאָר־צייט ליכט פון אונדז אָנגעצונדענע.
פאר די זעקס מיליאָן קדושים וטהורים —
אומגעקומענע פון אלע מיני מיתות —
פארגאזעוועטע, פארברענטע, פארפייניקטע, צעשאָסענע.

פאר . . . די
... פארגאזעוועטע טאטעס מיט געבויגענע פלייצעס
... צעשאָסענע מאמעס, מיט קינדער אין די געטאָס.
... טאטעס פארפייניקטע דורך די „אקאאוויצעס
... די מאמעס און טאטעס — דערשטיקטע אין די בונקערס.

פאר . . . די
... פארטיזאנישע ברידער אויפרייסנדיק נאציע־עשאלאנען.
... שוועסטער פראָדוצירנדיק מאָלאָטאָוו־באָמבעס.
... זין און טעכטער קעמפנדיק אין די געטאָס מיט די נאציעס.
... ברידער און שוועסטער — אויספירנדיק סאבאטאזשען.

פאר . . . די
... זויגנדיקע קינדער געטראגן פון יונגע מאמעס,
... קרעפטיקע זקנים און זקנות
... אלע וועלכע זיינען געגאנגען אין טויטן־מארש זייער לעצטן גאנג —
... איבער די וועגן פון טרעמבלינקע, אוישוויץ, איזביצע און מאידאנעק.

פלאקערט יאָר־צייט ליכט מיטן אייביקן פלאקער.
זאָל דער פלאקער קיינמאָל נישט ווערן פארלאָשן —
פאר די קדושים וועלכע זיינען אונדז ליב און טייער.
פאר די —
וועלכע מיר וועלן אין לעבן קיינמאָל נישט פארגעסן.

י. קויל
ברוקלין 1965



דעטאַל פון
געטאָ־מאָנומענט
אין וואַרשע.

סקולפּטאָר
נ. ראַפּאַפּאָרט

# א־ל מלא רחמים

צוזאמענגעשטעלט און עטוואָס צוגעגעבן
פון דוד איינהארנס בוך „אב הרחמים"

„דו פאָטער פון רחמים
וואָס רוט אין די הימלען
דערמאָן די טויטע, פארברענטע,
די זאמאשטשער קהילה
וואָס האָט דעם נפש —
מוסר געווען אויף קידוש השם."
הייליקע ווערטער געבאָדן אין טרערן.
ניט זאָל קיין דייטשיש אויער דערהערן!
ניט זאָל קיין ייד אין זייער אימה פארנעמען,
ביי וועמען זיי קענען דאָס הארץ ניט פארקלעמען!
ברידער מיינע פון שקלאפן־לאנד,
וואָס זענען ארומגעקומען ווי שטילע טויבן.
קרבנות פאר דער גאנצער וועלט,
פאר זייער יידישקייט, פאר זייער גלויבן.
ווו זייט איר געווען מיינע ליבע געטרייע!
צווישן די ווילדע וועלף די שטילע שאָף.
ווער האָט אייך געפירט צו דער איינער לוויה?
איר, וואָס האָט געטראָגן פאר אלעמען די שטראָף.
ברידער און שוועסטער מיינע אויף דער וועלט —
וואָס זיינען געזיצן אין די געטאָ־ צאמען,
וואָס האָבן זיך געוואלגערט אין שרעק און נויט —
איבער אלע וועגן, איבער אלע ימים.
דאָס הארץ איז נשט פונשטאָל,
טיף איז אונדזער יאמער־טייל
ווען דאָס הארץ ווערט איבערפול,
דאן וועלט זיך שרייען אויף א קול.
א דייטשלאנד! מיר וועלן נישט פארגעסן —
וואָס האָסט אָפגעטון מיט אונדז אויף דער ערד.
האָסט אלץ צעשטערט וואָס הייליק און טייער,
פארפלייצט די וועלט מיט טרערן, בלוט, און פייער.
גאט! גיט אוים אויף זיי דיין פלאמן־צאָרן!
הויב אויף אויף זיי דיין שווערן רעכטן אָרעם!
זאָל ווערן פון זיי, וואָס פון אונדז איז געוואָרן —
א לאנד פון חורבות, און נאמנלאָזן קברים.
אן אויסגעברענט לאנד פון אייגענע הענט פארברענט
פון אלעמען געמיטן, פון קיינעם נישט דערקענט.

צוזאמענגעשטעלט פון י. קויל



די עקסהומאַציע פון די זאַמאָשטשער קדושים. צווישן די באַטייליקטע: אַנשל צימרינג, מאיר מאלערס **אייניקל פון שטאָט** (לובלין); שמעון בייטשמאַן, יוסף שיפער (שטעטשין), שלמה בוך, **פּנחס, כאַסקל שמש זון** (**וורצלאַוו**); לוי גרינגלער קצב.



עקסהומאַציע פון זאַמאָשטשער קדושים, 16 יאַנואַר 1949. צווישן די באַטייליקטע: שלמה בוך (וורצלאַוו); אַנשל צימרינג (לובלין); יוסף שיפער (שטעטשין); לוי גרינגלער (שטעטשין); שמעון בייטשמאַן (זאַמאָשטש).

# וואָס איז געבליבן פון מיין שטעטעלע . . .

וואָס איז געבליבן פון מיין יידישן זאמאשטש,
וואָס איז מיר אזוי איינגעבאקן אין זכרון.
כ׳קען ניט פארגעסן דיך מיין יידישער זאמאשטש —
אין געדאנקן פון מיינע שיינע קינדער־יאָרן.
וואָס איז געבליבן . . .

פון די יידישע געסעלאך מיט די יידישע היימען?
פון די יידישע ארבעטער מיט די פראפ. פאראיינען?
פון די פארשידענע פארטייען מיט די פּאָליטישע שטרייטן,
פון די גרויסע צאָל ארבעטער מיט די עקאָנאָמישע שטרייקן.

פון די יידישע אָרגאניזאציעס און פארשידענע חברות,
פון הילפס־אָרגאניזאציעס, פריי פון הפקרות.
פון די יידישע ביבליאָטעקן מיט די מאסן־צאָל לייענער
פון די פילצאָליקע פארטייען, פון דער יוגנט ניט געפעלט קיינער.

שווער אויסצורעכענען אלץ פון אמאָל,
ווי געשפרודלט מיט ארבעט, מיט לעבן און לוסט.
געוואָרן פון אלץ א גרויסער יאָמער־טאָל
דאָס יידיש זאמאשטש, איז חרוב — פארוויסט.

נישטאָ מען קיין צייכן פון יידישע היימען,
פון יידישע ארבעט, פון האָב און גוטס.
פארגעסן, אז מיר האָבן אמאָל געארבעט אינאיינעם
אָן בושה זיך גערופן מיט יידיש גוטס.

דאָס יידישע האָב און גוטס, די פראצע,
גזלנ׳יש צוגענומען האָט דער כאוואַר.
געמאָרדעט, גערויבט, געהאָלפן דעם נאציע,
אזש פאר כליגיעט זיך מיט איינענעם גאַווער.

היינט איז מיין היים־שטאָדט אינעם קאָמוניסטישן פוילן,
צעשטערט די בית־עלמינס, קברים און מצבות.
אלץ וואָס איז יידיש, איז חרוב ונחרב געוואָרן
פון די היינטיקע קאָמוניסטן — די שותפים נאציעס.

אַך! ווי עס בענקט זיך צום אמאָליקן באגער,
צו די יידישע מענטשן, פלעצער און פארקן.
ווען כ׳דערמאָן זיך אין דער זאמאשטש, טריפט א טרער,
כ׳בעט נאָר דאָס הארץ זאָל מיר שטארקן.

שווער צו פארגעסן די מערדערישע שפינען —
די נאציעס און דער פוילישער מדינה.
די איינציקע טרייסט וואָס כ׳האָב געפונען,
דאָס אנשטייען פון א אייגענער מדינה.

ס׳איז א נס געשען נאָך דעם חורבן,
די פארגיטיגונג פון די שרעקליכע ליידן.
כ׳שטראַל פון פרייד, כ׳וועל אלץ דרייסטער,
נאָר מדינת־ישראל קען זיין אזא טרייסטער.

**י. קויל**
**ברוקלין 1970**



דער אלגעמיינער אינעווייניקסטער אויסזעז פון דער גרייסער שול.

# אוליצא פערעצא

צווישן פוילנס בארג און טאָל
ליגט מיין היימשטאָט פון אמאָל.
מיט אלטע גאסן, אָך און וויי,
ס'איז קיין ייד נישטא אין זיי.
ס'דאכט זיך, ווי אויף יעדן טראט,
קומט אנטקעגן מיר מיין שטאָט
זאמאשטש, זאמאשטש פון אמאָל
מיט איר אויסגעשאכטן קהל.
מיט א שול-גאס און א שול —
בלויז זכרונות פון אמאָל
ס'איז געבליבן, ווי אויף א שפּאָס
דער נאָמען פון מאמעס גאס
גנבע איך ארויף א בליק
און פארדריי דעם קאָפּ צוריק
ס'איז דאָס הארץ נאָך פול מיט וויי
הייזער אָן א ייד אין זיי.
ס'ליגען יידן, יונג און אלט,
אין מאסן-קברים דא אין וואלד
און אויף רויך און אש פארברענט
צווישן קראמעטאריע-ווענט.
שטיי איך ביי דער גאס דערשטוינט.
ס'האט מיין מאמע דא געוווינט.
מיט מיין שוועסטערס הויז-געזונד —
ס'איז נישט געבליבן אירס קיין קינד
בלויז דאָס שילדל אויפן ראג
האָט אין הארצן געטאָן א שלאָג:
„אוליצא פערעצא."

**נתן דוד קארמאן**

**געענדרט נאר אויפן ארט פון ראדעם, ראדעם פון אמאָל אויף זאמאשטש זאמאשטש פון אמאָל. געביטן נאָר דעם נאָמען פון דער שטאָט. אויסער דעם אלץ אין אָריגינאל (י. קויל)**



וי לאַנגע „פאַטשינע״, אַרמיאַנסקע גאַס נומער 30. דער פאַרקייף־שטאַנד פון טעפ פ ן ביזשע (ברוך) **טעפער.**

# צו די פאָליאקן

מיר ווען אייך געדענקן און אויך קיינמאָל ניט פארגעסן.
וואָס איר האָט אונדז געטאָן און קיינמאָל ניט פארגעבן.
אפילו ווען איר פוצט זיך איצט, מיט אויסגעבאָרגטע פראזן
דינט איר היינטיש אויך היינט, די נידערטרעכטיקסטע בארבארן.

געמאָרדעט, פארקויפט אונדזערע ברידער יונג און אלט,
געטרוימט צו ווערן זשידעס־יורשים אלעם און אלץ.
פארמעגנס, דירות, קליידונג, בעטגעוואנט און בעטן,
אייערע עקלהאפטע גופים, מיט יידיש גוטס זיך צוצודעקן.

צו האָט כאָטש איינער פון אייך געפרוווט אויסצושרייען —
געגן דער עוולה, צו העלפן כאָטש איינעם באפרייען?
געווען זענען אסאך, זייער אסאך, ניט נאָר איינער,
וועלכע האָבן אונדזערע קינדער באווארפן מיט שטיינער.

איר האָט פון אונדזערע קינדער, מענער און ווייבער,
זייערע מלבושים געשלעפט פון לעבעדיגע לייבער.
אין נאָמען פון דעם געקרייציקסטן — אייער באפרייער,
געהאָלפן צו די פארניכטונג, צוגעהאָלפן דעם פייער.

פאר עטליכע ציגארעטן, צוקער א שטיקל שפעק,
האָט איר זיך נאָכגעשלעפט נאָך דעם נאצישן עק.
ווען געשפיגן אייך אין פנים, געקניט האָט איר מיט רעספעקט,
ווען טיטולירנדיק אייך אפילו, „איר פאָלנישעם דרעק".

עס וועט אייך ניט העלפן צו פאראדירן אלס פוילישע מארטירער —
די יידן־פארניכטונג אלס „פוילישע בירגער" פון דעם נאציע „פירער",
עס וועט ניט העלפן דאָס וואשן זיך אין טויזנטער פראזן־טייכן,
עס וועט בלייבן אויף אייביג אויף אייער שטערן, דער בלוטיקער קין־צייכן.

י. קויל

1972



דער בנין פון דער געוועזענער יידישער גימנאַזיע אין זאַמאָשטש




דער אויפשריפט, וואָס איז פאַרבליבן אויף דער וואַנט פון דער זאַמאָשטשער שול.

(אויפגענומען דורכן מחבר)

# א־ל מלא רחמים

## צוזאמענגעשטעלט און עטוואָס צוגעגעבן
## פון דוד איינהארנס בוך „אב הרחמים"

„דו פאָטער פון רחמים
וואָס רוט אין די הימלען
דערמאָן די טויטע, פארברענטע,
די זאמאשטשער קהילה
וואָס האָט דעם נפש —
מוסר געווען אויף קידוש השם."
הייליקע ווערטער געבאָדן אין טרערן.
ניט זאָל קיין דייטשיש אויער דערהערן!
ניט זאָל קיין ייד אין זייער אימה פארנעמען,
ביי ווענען זיי קענען דאָס הארץ ניט פארקלעמען!
ברידער מיינע פון שקלאפן־לאנד,
וואָס זענען ארומגענומען ווי שטילע טויבן.
קרבנות פאר דער גאנצער וועלט,
פאר זייער יידישקייט, פאר זייער גלויבן.
ווו זייט איר געווען מיינע ליבע געטרייע!
צווישן די ווילדע וועלף די שטילע שאָף.
ווער האָט אייך געפירט צו דער איינער לוויה?
איר, וואָס האָט געטראָגן פאר אלעמען די שטראָף.
ברידער און שוועסטער מיינע אויף דער וועלט —
וואָס זיינען געזיצן אין די געטאָ־ צאמען,
וואָס האָבן זיך געוואלגערט אין שרעק און נויט —
איבער אלע וועגן, איבער אלע ימים.
דאָס הארץ איז נשט פונשטאָל,
טיף איז אונדזער יאמער־טייל
ווען דאָס הארץ ווערט איבערפול,
דאן וועלט זיך שרייען אויף א קול.
א דייטשלאנד! מיר וועלן נישט פארגעסן —
וואָס האָסט אָפגעטון מיט אונדז אויף דער ערד.
האָסט אלץ צעשטערט וואָס הייליק און טייער,
פארפלייצט די וועלט מיט טרערן, בלוט, און פייער.
גאט! גיט אוים אויף זיי דיין פלאמן־צאָרן!
הויב אויף אויף זיי דיין שווערן רעכטן אָרעם!
זאָל ווערן פון זיי, וואָס פון אונדז איז געוואָרן —
א לאנד פון חורבות, און נאמנלאָזן קברים.
אן אויסגעברענט לאנד פון אייגענע הענט פארברענט
פון אלעמען געמיטן, פון קיינעם נישט דערקענט.

צוזאמענגעשטעלט פון י. קויל

ל



די קרעמאַטאָריעס אין אוישוויץ, וואָס האָבן „געאַרבעט" בייטאָג און ביינאַכט.

# דער בעכער (פון פרוג׳ן) י. ל. פרץ

זאָג מיר, מאמעשי איך בעט דיך
איז דאָס אמת, וואָס ער האָט
מיר פארציילט דער אלטער זיידע
אז אין הימל דאָרט פאר גאָט.

אז פאר גאָט דאָרט שטייט א בעכער –
ווען מיר קוועלן זיך דאָ שווער,
האָט דער גרויסער גאָט רחמנות,
לאָזט אין כוס אריין א טרער?

אמת קינד מיינס!

אך, מאמע, מאמע,
איז אויך אמת, און אויך זיכער
אז משיח, דער וועט קומען
קוים וועט ווערן פול דער בעכער?!

— אמת!

און דאָס קינד פאַרקלערט זיך,
ווערט א רגע טרויעריק-שטיל,
פרעגט דער נאכטן: אָבער, מאמע
ווען וועט דער בעכער זיין שוין פול

און ער הייבט די בלאָע אויגן
טרויעריק צו דער מוטער אויף:
צו איז אָן א דנא דער בעכער
וואָס מיר ליידן אָן א סוף?

ווי לאנג מיר ליידן שוין אין גלות,
און דער כוס וויל פול ניט ווערן!
אפשר טריקענען דורך די יאָרן
אינם בעכער, איים די טרערן?

און צערודערט בלייבט די מוטער
איבערן פרומען קינד געבויגן,
און עס ציטערן די ברעמען . . .
פון דער מוטערליכע פייכטע אויגן.

פאלן טרערן — צוויי בריליאנטן
אויפן קינדס פארקלערטן שטערן
.................................................

גאָט אין הימל, האָב רחמנות,
נעם אין כוס אריין די טרערן!

י. ל. פרץ
אָנגעשריבן אין יאָר 1891



# פרץ

פרץ-בילד, מיט די ווערטער פון „מאָניש"

## HOPE AND BELIEVE

Hope says: Spring approaches nearer,
Soon the butterflies will swing!
And new nests with new birds in them
Their new melodies will sing.
Bays Belief; The night will vanish
Heavy clouds shall disappear;
And again the sky's blue looming
New with stars and suns all clear
New the roses, fresh the flowers,
Rousing season sweet and brave;
All will sing with fragrant blooming,
Even our own humble grave ...

From the Yiddish of I. L. Peretz
Translated by Aaron Schmuller



## האָפֿ און גלייב

האָפֿ! נישט ווייט איז שוין דער פרילינג,
ס׳וועלן שמעטערלינגען שפרינגען!
נייע נעסטן, נייע פייגל;
וועלן נייע לידער זינגען; —
גלייב, די נאכט וועט זיין פארשווינדן,
און די וואלקן אויך צערינען,
בלא וועט ווייטער זיין דער הימל —
נייע שטערן, נייען זונען!
נייע רויזן, נייע בלומען
וועקט דעם פרילינגס זיסער הויך;
עס וועט שיינען, שמעקן, זינגען
און אויף אונדזער ווינקל אויך.*

י. ל. פרץ
אנגעשריבן אין 1891

*אין ארגינאל איז, אויף אונדזער קבר אויך



י. ל. פרץ אויפֿן טויטן-בעט (3טער אַפּריל, 1915)



פּרץ-אוהל אין וואַרשע, פּראָיעקט פֿון א. אָסטשעגאַ,
צייכענונג פֿון פֿעליקס פֿרידמאַן.

